בערטע קלינג

# ווי איך שטיי און גיי

(לידער)



ניו-יאָרק
1939

## לידער מיינע

לידער מיינע,
איך האָב ניט געפונען
קיין נייטיקע רייד
ווי עס פּאַסט
פאַר אייך, אַ קלייד.
טראָגט איר נאַר
אַ קלאָר ווייס העמד,
לידער מיינע!

## שטילע טענער

אויב דיין זינגען שטיל
רירט ניט קיינעם אָן,
זאָל דיר אַליין דערפרייען
דיין יעדער שטילער טאָן.

## ניט קוק

ניט קוק
אין דער ווייטקייט
פון וועג,
וואָס פירט דיך,
נאָר קוק
אויפן שטיין,
וואָס דו טרעטסט.

## דאָרטן

אַהין, וואו איר גייט,
וויל איך מיט אייך גיין,
געזונגענע לידער,
פאַרגאַנגענע טעג,
ניט לאָזט מיך אַליין
ביים סוף אָן אַ סוף,
ביים ברעג אָן אַ ברעג.

## טעלעפֿאָן-דראָט

איך האָב שוין כמעט
ווי געזוונגען,
האָט זיך מיין טעלעפֿאָן-גלעקל
צעקלונגען.

איז געבליבן מיין ליד
אויפֿן טעלעפֿאָן-דראָט,
ווי אַ ביסן וואָס בלייבט
און מען שלינגט ניט אַראָפּ.

## אייביק ערנסט

אייביק ערנסט אונזער טאַטע,
דריי מאָל אין טאָג
פלעגט דאַוונען גיין,
קורצע שטונדן צווישן דאַוונען,
ווער האָט צייט
די קינדער זען.

און די מאַמע
אין געוועלבל,
איז יעדער טאָג
געווען איר קליין.

זיינען מיר אַזוי געוואַקסן,
יעדעם קינד פאַר זיך אַליין.

## נומער נײַן

אַז טאַטע־מאַמע זײַנען אַוועק פֿון דער וועלט,
האָבן זיי נײַן יתומים אָפּגעשטעלט,
איז אונז גאָרנישט מער געבליבן,
ווי נאָר אײנס דאָס אַנדערע צו ליבן.
וואָס מיר זײַנען אויסגעשטאַנען,
אַז מען זאָל אויספּאָרן די וועלט מיט אַלע באַנען,
איז קיין גלײַכן ניט פֿאַראַנען.
געלײַטערט האָט אונז אַלע נײַן
די לויטערקייט פֿון פּײַן,
געטראַכט האָט יעדער פֿון די נײַן,
אַז גאַנצער ווי דער נומער נײַן,
קאָן קיין נומער גאָרניט זײַן.

אַז מיר זײַנען גרויס געוואָרן,
האָבן מיר זיך אָנגעוואָרן,
יעדערער אין זײַן געצעלט,
אין אַלע עקן פֿון דער וועלט,
געוואוסט האָט יעדער פֿון די נײַן,
אַז גאַנצער ווי דער נומער נײַן,
קען קיין נומער גאָרניט זײַן.

ביז אײנמאָל אין אַ שוואַרצער נאַכט
זײַנען מיר געבליבן אַכט.

## עס איז גוט

עס איז גוט
אין פֿאַרלוירנקייט פֿון מענטשלעכן געדרענג
צו וויסן,
אַז עמיצער איז ערגעץ דאָ,
וואָס נעמט דיך אויף
צו יעדער שעה,
דאָס שטויסן,
דאָס משונהדיקע יאָגן
ווערט דיר גרינגער צו פֿאַרטראָגן.

ווען פֿון גאַנצן רעש
בלייבט נאָר דער אומעט אין דיינע הענט,
איז גוט,
אַז ערגעץ וואַרטן
אַפֿילו אומעטיקע ווענט.

## פרילינג

עפֿענען די צוגעקלעפּטע שויבן,
אַרײַנלאָזן אין שטוב
דעם פֿלאַטער פֿון די טויבן,
די בליִונג פֿון די צווייגן,
פֿון דער לופֿט דאָס שווייגן.
זאָל אַרײַנהילכן
דאָס קינדיש קול,
וואָס קלינגט פֿון אַלע ווײַטען
אַלע מאָל.

האָב איך
מײַן פֿענסטער אויפֿגעמאַכט,
האָט די שטאָט אויף שווערע רעדער
אין שטוב אַרײַנגעלאַכט.

## שווייגן

גרויסע וועלט,
אין דיין טיפסטער אורעלטער
האָבן די גרעסטע זינגער
מיט גענדזנפעדער אין די פינגער
דיך באַזונגען.

זאָל איך דיר אויך באַזינגען,
איך מיט מיין קליינער
פאונטן־פעדער ?
ווי יעדער
פון דיינע גרויסע וואונדער
שווייגט באַזונדער.

וועל איך שווייגן
מיט מיין פרייד און טרויער,
ווי עס שווייגט דיין פּראַכט,
דער טאָג, די נאַכט,
ווי דיין אייביקייט
וועל איך שווייגן.

## מיין אייגענע פּיין

יעדער צער פון גאָר דער וועלט
האָט מיך אַרומגענומען.
דורך שטעג און וועג, דורך פרייד און וויי,
בין איך צו זיך געקומען.

יעדנס טרער אין יעדער אויג
האָט מיין האַרץ פאַרנומען,
נאָר הייסער איז פון יעדנס טרער
מיין אייגן טרער געררונען.

פון אומעטום האָט יעדנס פרייד
אין מיין האַרץ געזונגען,
העכער האָט פון יעדנס פרייד
מיין אייגן פרייד געקלונגען.

## אַ פאַרגעסענער ניגון

אַ פאַרגעסענער ניגון
פון די קינדער־יאָרן
האָט אויפגעלעבט
אין מיין זכרון.

האָט מיר געבראַכט
אַ פאַרשאָטענעם וועג,
האָט מיר דערמאָנט
פאַרגעסענע טעג.

מיט דעם ניגון האָט מיין טאַטע
געוויינט און געלאַכט
לאַנג צוריק
שמחת תורה ביינאַכט.

מיר האָט זיך דער ניגון
דערמאָנט אין דער וואָכן,
ווען איך האָב געהאַלטן
אין וועטשערע קאָכן.

אַ שאָד, וואָס כלים
קענען ניט זינגען,
זיי וואָלטן דעם ניגון
צעטראָגן, צעקלונגען.

דערנאָך וואָלטן זיי
דעם ניגון געבראַכט
צו טישן געדעקטע
יום־טובים ביינאַכט.

## שיינע רייד

שיינע רייד
קענען מאַכן אַלע זאַכן,
וואָס שיינען,
שענער ווי זיי זיינען,
נאָר ניט דיר
און ניט מיר,
ווייל
פאַרן קישן,
אויף וועלכן מיר רוען
ביינאַכט,
האָט מען
קרבנות געבראַכט.

## מײַן געוויין

טיסיע בערקאָוויטשעס ליכטיקן אָנדיינק.

אין אַ רעסטאָראַן צווישן
אויגן, וואָס זוכן איבער טישן,
איז צו מיר דערגאַנגען,
אַז דאָס שטילע ליכט
פון דײַן געזיכט
איז אויסגעגאַנגען,
אַז דער באַלזאַם־קול,
וואָס האָט אַלע מאָל
געגלעט, ווען דו האָסט גערעדט,
וועט מער קיין טרייסט ניט זײַן
אין אונזער פּײַן,
אַז אויך דיך
האָבן מיר פאַרלוירן,
אַז דײַן שטילקייט
איז אויף אייביק שטיל געוואָרן.

מײַן געוויין
זאָל צו יענע אויגן ניט דערגיין,
האָב איך מיט קאַלטן וואַסער

טרער נאָך טרער געטרונקען,
דעם גרויסן פּיין
אין זיך אַריינגעשלונגען.

וויינט אין מיר
מיין בלוט נאָך דיר.

## מיין לעבן אַ ווייַנענדיק ליד

מיין לעבן אַ וויינענדיק ליד.
בין געגאַנגען
מיט שטילע באַהאַלטענע טריט,
מיין הונגער פאַרשעמט
און צוזאַמענגעהאַלטן,
פון אַלעמען באַהאַלטען.
אַרום מיר
האָבן נעגל און ציין געריסן
איינער ביים צווייטן דעם ביסן.
געזען פאַרביי מיינע שויבן שוועבן
רווישיקע בינען, פולע מיט לעבן.

דו האָסט דיין לעבן פאַרשווענדט,
אין פייער געוואָרפן מיט אָפענע הענט.
קיין איינציקן שטראַל ניט געגעבן
מיין אייגענעם פינסטערן לעבן.

## פרימאָרגן

איך בין פון בעט אַראָפּ
דערזען מיין טאָג,
אַזוי פרי
און שוין אַזויפיל זאָרג און מי.
ווי אַ שווימער
פאַרן שווימען גיין,
בלייבט ביים קאַלטן
וואַסער שטיין,
בין איך ביים שוועל
פון טאָג געשטאַנען,
מיט שרעק געטראַכט,
פון וואַנען
און וואו
וועט יענער כוח זיין,
איך זאָל קענען
אינם טאָג אַריין.

## פֿאַרלאָזן ספֿר

געוואָלט, אַז מיין האַנט
זאָל צום ספֿר דערלאַנגען
פֿון מיינע פֿאַרשריבענע טעג
אין זכרון,
טעג ווי צושניטענע בלעטער,
מיט אותיות פֿאַרמעקטע
האָבן אין שיין פֿון אַ טרער
זיך אַלע באַוויזן,
געשטאָכן די אויגן
ווי שפּיזן.

געוואָלט, אַז מיין האַנט
זאָל צום ספֿר דערלאַנגען,
פֿאַרמאַכן די טאָוולען,
און פֿרום
מיט אַ קוש אים פֿאַרלאָזן.
איז צום ספֿר
מיין האַנט ניט דערגאַנגען

## ווער קען וויסן

אַז איר
האָט ניט אויסגעהאַלטן;
און אייער בונד צעריסן,
אַז איך
האָב טויזנט מאָל מער פּיין
פון אייך געטראָגן
זיך נאָר די ליפּן איינגעביסן,
וויינט איר דען גלייך ווי איך
יעדע נאַכט אין קישן?

ווער קען וויסן,
ווער פון אונז
איז מער צעריסן?

## שליסלען

אין מיין קיך איז דאָ אַ שופלאָד
פּאַר קלייניקייטן אַלערליי,
געפינען איך דאָרטן פרעמדע שליסלען,
קיינמאָל ווייס איך נישט ווי אַזוי.

ליגן זיך צעלייגט אין שופלאָד,
פּלאָנטערן זיך אין די הענט,
פּאַסן ניט אין מיינע שלעסער,
סיידן נעם און שליס די ווענט.

דאַרף איך עפּעס נאָר געפינען,
זיינען זיי די ערשטע דאָ,
לייד איך פון די פרעמדע שליסלען,
ביז עס קומט אויף אַלץ אַ שעה.

האָב איך ראַמענדיק דעם שופלאָד,
צו די שליסלען זיך גענומען,
דאַכט זיך, זיי אַרויסגעוואָרפן,
און זיי ווייטער דאָרט געפונען.

## האָט ניט קיין פּאַראַבל

זייט מיר מוחל,
וואָס איך,
ווי די קליגסטע מענטשן
פון די גרעסטע שטעט,
האָב די שענסטע רייד גערעדט,
און ווי אַלע ווייבער
פון גאָר דער וועלט,
האָב אַלע מאָל
דעם שענסטן, בעסטן חלק,
מיין אייגן קינד געשטעלט.

## אַ האַרץ זעט

איך האָב מיינע אויגן פֿאַרמאַכט
אום ניט צו דערזען
דאָס וואָס איך וויל ניט,
מיין אויג זאָל דערזען.

נאָר מיין האַרץ
האָט דורך אויגן פֿאַרמאַכטע
געזען
אַלץ, וואָס איך וויל ניט
מיין האַרץ זאָל דערזען.

## אַ מתנה

אַמאָל,
אין אַ יונגער נאַכט,
האָסטו דעם אומעט
אַ מתנה מיר געבראַכט,
ער זאָל פאַר דיר
דאָס אָרט פאַרטרעטן,
וואו נאָר איך וועל דאַרפן גיין,
זאָל ער מיך באַגלייטן.

ווי אַ פאָדעם אין אַ שנור,
וועבט ער דורך מיין לעבן,
ווי אַ גליד פון זיך אַליין,
איז שווער אים אויפצוגעבן.

היטן מיר זיך ביידע אָפּ
טאָג אַזוי ווי נאַכט,
איך מיט יענעם אומעט,
וואָס דו האָסט אַמאָל געבראַכט

## גוטע רייד

דורשטיק
שלינג איך
דיינע רייד צו מיר,
דאָך —
דאָס שענסטע
וואָס דו זאָגסט פון מיר
האָב געהערט שוין פריער,
ווי קומט צו מיר
אַזויפיל פרייד
פון דיינע גוטע רייד?

## ווייל עס שרייען

ווייל עס שרייען דיינע ביכער העלדן
דעם שרייאיקן געשריי
פון שוואַרץ אויף ווייס,
גייט דיין מענטשלעך האַרץ
טראָט נאָך טראָט מיט זיי,
ליידט און פילט מיט זיי,
דערפאַר
זעסטו ניט דעם וויי
פון מיין פאַרשוויגענעם געשריי.

# א מענטש אונטער מיין פענסטער

ביינאַכט,
ווען די מויערן וועלן איינזאַפּן
דעם רעש פון טאָג,
צוריק צו זיך
אין שלאָפנדיקן שטיין,
ווען די נאַכט אַליין
וועט דרעמלען,
וועט דורך מיין האַרץ אַ ציטער
מיר אָנזאָגן,
אַז מיין ריטער
וועט פאַר מיין פענסטער שטיין,
דאַן
וועל איך ביים פענסטער
זיך איינהערן
און הערן,
ווי עס בענקט זיין בענקשאַפט
נאָך מיין איינגעדרימלט האַרץ.

## צוזאַמען

צוזאַמען
מיט דער פרייד פון דיין קומען
האָסטו מיר געבראַכט
די שרעק פאַר דיין גיין,
מיין גורל איזאַ,
צו בלייבן אַליין.
זאָל גאָט מיט דיר גיין.

## ווי קען איך

ווי קען איך דערוואַרטן,
אַז דו זאָלסט פאַרשטיין,
ווען איך אַליין
האָב צוליב מיין גאַנג דעם שטילן
אויפגעהערט
דערזען און דערפילן,
אַז אַלע אונזערע יאָרן
האָב איך נאָר געזוכט
דיר עפּעס פאַרשפּאָרן,
מי, אָדער פּיין.
וואָס עס זאָל ניט זיין,
אַנדערש פירט מיך ניט מיין וועג
פון מיינע נעכט און טעג,
דאָך
מיין קלענסטן פאַרזען
וועסטו באַלד דערזען
און מיר טראָגן עס אַנטקעגן
אַלע מיינע וועגן.

# איך האָב געמיינט

איך האָב געמיינט,
אַז איך אַליין
וויל דער טאָג
זאָל שלאָפן גיין,
אַז עמיצער, וואָס הייסט דו,
זאָל קומען מיט דער נאַכט צוגיין
צודעקן דעם שלאָפנדיקן טאָג,
שטיל טאָן אַ זאָג :
קום מיט מיר,
נאָר איך מיט דיר
וועלן אין דער נאַכט אַריין,
אומעטום וועט פינסטער זיין,
קיינער זאָל אונז ניט דערזען,
גלייך מיר וואָלטן ניט געווען.

אַז מיר זיינען אין דער נאַכט געקומען,
האָבן מיר אַ גאַנצע וועלט געפונען,
ווי דו און איך
אַרומגענומען.

## אַמאָל

אַמאָל, ווען איך וועל דאָ ניט זיין,
וואָלט איך וועלן זיך פאַרשטעלן,
אַז קיינער זאָל ניט זען,
אַריינגיין אין מיין הויז
אויף איין רגע בלויז,
אַלצדינג הערן,
אַלצדינג זען,
יעדן ווינקל,
וואו איך בין געווען,
און די קינדער מיינע זען,
צי זיי זיינען ווי געווען,
ווי ווען איך בין
מיט זיי געווען.

## פון לאָמפּ אַ שיין

אַ טיש, אַ לאָמפּ,
פון לאָמפּ אַ שיין,
דו זיצסט און קוקסט
אין אַ בוך אַריין.

איך מיטן בעזעם
גיי אום און קער,
דריי זיך אַהין,
דריי זיך אַהער.

וואָס יעדער וואַרפט אָן,
לייג איך אַוועק,
מיין טאָג גייט מיט אַש
און מיט שטויב אַוועק.

אין גאַנצן צעברעקלט,
ווי ברעקלעך פון טיש,
דער קאָפּ, דאָס האַרץ
אין איין געמיש.

די ראַדיאָ ברענגט כינע
און שפּאַניע אַהער,
דער געדאַנק טראָגט אַהין,
דאָס האַרץ ווערט שווער.

ברעקלעך און שטויב,
ברעקלעך און פּיין
דעקן מיך צו
און שלינגען מיך איין.

דער שטויב לייגט זיך ווידער,
דער בעזעם איז דאָ,
איך בין כמעט
שוין מער ניטאָ.

אַ טיש, אַ לאָמפּ,
פון לאָמפּ אַ שיין,
דו זיצסט און קוקסט
אין אַ בוך אַריין.

# די ניט-צופרידענע

אַמאָל איז געווען אַ אידענע,
אַ ניט-צופרידענע,
ניט זי איז געפאָרן האַנדלען
ראָזינקעס מיט מאַנדלען,
נאָר דאָס גאַנצע לעבן
אין קיך מיט די געפעס אַוועקגעגעבן.
געהאַט קינדערלעך,
ניט צוגעגרייט קיין ווינדעלעך,
ווען זי האָט צום טיש געגרייט,
האָט זי פאַרגעסן זאַלץ און ברויט.
צו איר מאַן די געטרייסטע פרוי געווען,
נאָר ער האָט עס ניט אָנגעהויבן זען,
מענטשן טויזנטער האָבן זי געקענט,
פאַרבראַכט האָט זי מיט אומעטיקע ווענט,
מאַכן יום טוב נאָר געווען פאַרנומען,
נאָר דער יום טוב איז קיינמאָל ניט געקומען.
זיך צו אַלעמען געטוליעט, אַרום זיך געקליבן
און מיט ליבשאַפט אַלעמען פאַרטריבן.
אַ געראָטענע, אַלץ האָט זי געקענט,
נאָר געהאַט האָט זי ליימענע צוויי הענט.
אַ מאָדנע אידענע
די ניט צופרידענע.

## עס קען זיין

עס קען זיין,
אַז איר טראַכט אַמאָל ווי איך פון זיך,
אַז ניט נאָך אייער ווילן זייט איר אַהער געקומען,
אַז דורך אַ הינטער־טיר
האָט מען אייך אַריינגענומען,
אַז אַלעמען האָט מען געבעטן
אויף בילעטן,
אַז נאָר פאַר אייער קומען
האָט קיינער ניט געוואַרט,
און מיט זיך קיין יום טוב ניט געבראַכט,
אַז אויסער אייך
קומט יעדערער אַהער
נאָך זיין אייגענעם באַגער.

## ענטוישונג

אפשר האָב איך נאָר אַ שטרויעלע
אין מיינע הענט געטראָגן,
נאָר אין מיטן פון מיין יאָגן,
האָסטו עפּעס צו מיין בליק דערטראָגן.
מיך האָסטיק אָפּגעשטעלט
פון אונטער מיינע טריט
אַרויסגעשאַרט די וועלט,
מיט איין וויש אָפּגעווישט
אַלע מיינע וועגן.
די ליידיקייט, ווי אַ שוואַרצע וואַנט,
מיר געשטעלט אַנטקעגן.

בין איך מיט ליידיקע הענט
שטיין געבליבן,
ווינטן פון אַלע עקן
האָבן מיך געטריבן.

## אַ פּאָר געזונט

אָט לאָזסטו זיך ווידער
זוכן אַ לאַנד,
ווידער מיט שטעקן
און טאָרבע אין האַנט.

אין טאָרבע עשירות,
סיי פרייד און סיי פּיין,
נעם אין דיין טאָרבע
מיין ברכה אַריין.
וואו דו וועסט קומען,
וועסטו ברייגנען אַ טרער,
נאָר פרייד וועסטו ברייגנען
אַסאַך, אַסאַך מער.

איך ווייס, אַז דיין וועג
איז אַ שווערער צו גיין,
זיי וויסן, זיי וויסן,
דו ביסט ניט אַליין.

## רויטע קאָראַלן

שלאָף ניט, מיין קינד,
די זון איז אַליין,
ווער וועט אָן דיר
איר ליכטיקייט זען?
די וועלט איז פאַרנומען.
ביז די נאַכט וועט קומען,
וועט דער לוח
פון היינטיקן טאָג
אַלע רגעס,
ווי רויטע קאָראַלן
אויף שנירעלעך קלייבן,
אַלע מעשׂים
מיט בלוטיקע אותיות פאַרשרייבן,
נאָר פון דער גאָלדענער זון
וועט קיין איינציקער שטראַל
ניט פאַרבלייבן.

## אַ געבעט

ווען די שעה וועט קומען,
ווען מיינע קינדער
וועלן צום פרימאָרגן
פונם לעבן גיין,
וועל איך בלייבן שטיין,
בעטן גאָט
פאַר זייער יעדן טראָט,
זיי זאָלן בלייבן ריין.

עס האָט מיין מאַמע
זיך געמיט
פאַר מיינע אומבאַשטימטע טריט,
וואו נאָר
איך וועל שטיין און גיין,
זאָל איך בלייבן ריין.

## מיינע קינדער

לאַכט ניט קינדערלעך פון מיר,
איך טראָג אַ גלויבן אַזאַ אין מיר,
אַז ווי נאָר
איך בין דאָ מיט אייך,
קען איך אייך פון אַלץ באַשיצן,
אפילו פון דונערען און בליצן.

איר קענט דאָך מיינע הענט,
דאַכט מיר,
איך קען אויפהאַלטן פאַלנדיקע ווענט,
רוישנדיקע ימען,
קען איך מיט זיי צוימען
אפילו דאָס ביטערע לעבן,
זיך שטעלן אַנטקעגן,
אייך ווייזן מיט זיי
צו זיכערע וועגן.

## קינד מיינס

קינד מיינס,
קיינער קומט ניט
דעם עלנטן אַנטקעגן
זיינע שווערע וועגן,
ניט מיט וואַסער,
ניט מיט ברויט
צו פֿאַרגרינגערן
זיין נויט.
קיינער טיילט זיך ניט
מיט זיינע לייד,
קיינער זוכט ניט
אים צו געבן פֿרייד.

אויב דיר
איז, גאָט באַהיט, באַשערט
דער וועג
פֿון עלנטן אויף אונזער ערד, —

וואו וועל איך נעמען
נאָך אַ לעבן,
איך זאָל דיר
עס קענען געבן?

## קינדער מיינע

קינדער מיינע,
איך זאָל וויסן וואו
מענטשן וועלן אייך פאַרשעמען,
וואָלט איך פריהער
דאָרטן קומען
און פאַר אייך
דאָס אָרט פאַרנומען.

איך זאָל וויסען וואו
די געפאַר
וועט, גאָט באַהיט,
אייך גיין אַנטקעגן,
וואָלט איך מיט פרייד
פאַרלאָפן אייך די וועגן.

## עס זינגט די פרוי

מיין היים,
דאַכט זיך, פּאַפּירענע ווענט,
אַמאָל מיין איך,
איך פיר עס מיט אייזערנע הענט,
נאָר עס גייט,
ווי אָן רעדער אַ וואָגן,
האָט גענומען דאָס מזל
מיין קינד אויפן ווינט
און האָט אין דער פרעמד אים פאַרטראָגן.

קענסטו ניט, מזל,
מיך נעמען אהין,
דאָרט, וואו דו האָסט אים פאַרטריבן,
טראָג אים אַריבער דאָס ליידיקע אָרט,
דאָס אָרט זיינס,
וואָס איז דאָ פאַרבליבן.

זיין בעט, זיין בענקל,
זיין אָרט ביי דעם טיש,
מיט טעלער און לעפל, מיט ברויט אויפן טיש,

וואו ער וועט שטיין,
און וואו ער וועט גיין,
איך בעט דיך,
ניט לאָז אים אַליין.

פאַרגעסן דערמאָנען,
זאָלסט ברייננגען אַ העמד,
אַ שוך, אַ קלייד
מײַן קינד אין דער פרעמד,
אַ קישן צי האָסטו אים דאָרטן געבראַכט
זײַן קאָפּ צו לייגען, אַז ס׳וועט קומען די נאַכט?
בטחון, בטחון, קען זײַן, אַז אים פעלט
צו אָנגיין אין לעבן, צו פירן זײַן וועלט.

## די גאָלד-סטאַר מוטערס

פון וואַנען טראָגט זיך אַזאַ געוויין?
דאָס וויינט אַ שעפעלע
וואָס וויל ניט צו דער שחיטה גיין,
דערפאַר טראָגט זיך אַזאַ געוויין.

וואָס וויינט נאָך אַזוי אין פעלד?
מען האָט אַ קעלבעלע צוגענומען,
איז דאָס קעלבעלע מער צוריק ניט געקומען,
וויינט די קו אין מיטן פעלד,
הילכט אָפּ די גאַנצע וועלט.

פון וואַנען טראָגט זיך אַזאַ געזאַנג?
דאָס פירן באַנען און שיפן,
באַגלייט פון מוזיק,
די יוגנט צום שלאַכטפעלד.
זיי וועלן שוין קיינמאָל ניט קומען צוריק.

אַז די יוגנט קומט ניט מער צוריק,
וואָס יובלט נאָך אַלץ אַזוי די מוזיק?
דאָס קריגן די העלדישע מאַמעס מעדאַלן
פאַר זייערע קינדער וואָס זיינען געפאַלן.

## צווישן די אַנטלאָפּענע פון באַרצעלאָנאַ

אויף אַ וועג, וואָס פירט צו אַ מאָרגן,
פון בלוטיקן נעכטן פאַרשלונגען,
וואו קאַנאָנען האָבן
וויג-לידער געזונגען,
האָבן טויזנטער, טויזנטער
מענטשן מאַרשירט,
ניט ווויסנדיק וואו
דער וועג האָט געפירט,
אַזעלכע וואָס האָבן מער גיין ניט געקענט,
זיינען געפאַלן, ווי ציגל פון ווענט.
איז אַ מאַמע אַ יונגע
אַרויסגעפאַלן פון מענטשליכער וואַנט,
אַ קליין הענטעלע אַרויסגעלאָזט
פון איר קאַלטער האַנט.

איז אַ ברעקעלע קינד
צווישן טויזנטער גייער אַליין געבליבן
אויף קאַלטע וועגן
פון שניי און פון ווינטן געטריבן.

איז נישטאָ מער קיין האַרץ ביי דער וועלט
עס זאָל ווערן צעריסן.
גאָט, וואוהין פירסטו דאָס קינד,
וואָס וועט קיינמאָל זיין נאָמען ניט וויסן?

## אַ מלחמה־ליד

פֿאַלן שטיינער בּאַרג אַראָפּ,
שלאָגט איין שטיין אַ צווייטן אָפּ,
קלאַפּט אוים דער טאַקט געוויין פֿון שטיין,
וויינט יעדער שטיין פֿאַר זיך אַליין,
יעדער שטיין אַליין.

גייען קינדער צום שלאַכט געגרייט,
לויערט איבער זיי איין טויט,
קיינער פֿאַלט דאָך נישט אַליין,
דאָך וויינט יעדער נאָר זיין געוויין
ביים פֿאַרגיין אַליין.

יעדער זון, וואָס גייט אין שלאַכט,
האָט אַ מאַמע, וועלכע וואַכט
איבער גרוילן טאָג און נאַכט,
איר זון האַלט ערגעץ ביים פֿאַרגיין,
וויינט זי פֿאַר איר זון אַליין.

## עס פֿאַרדריסט

עס פֿאַרדריסט,
וואָס אַלע גרוילן פֿון דער וועלט
האָבן דעם גאַנג פֿון מיינע טעג
ניט אָפּגעשטעלט,
מיין אַרבעט ניט געשטערט,
מיך שלאָפֿן ניט פֿאַרווערט.

ווען די מינדסטע באַליידיגונג פֿון דיר
שטעלט זיך
ווי אַ שאָטן פֿאַר מיין טיר,
פֿאַרלויפֿט מיר יעדן וועג,
פֿאַרשטערט מיר
מיינע טעג.

## עס קען זיין

עס קען זיין,
אַז דער וועמעס צער
דו טראָגסט היינט
אין דיין האַרצן פאַרקלעמט,
קוקט איצט אויפן הימל,
זיין פּנים
צו דער זון געווענדט
פילט ניט אפילו זיין אייגענעם צער,
דו נאַר.

עס קען זיין,
אַז דער וועמעס בלוט
דו האָסט היינט פאַרגאָסן געזען,
וויים שוין ניט מער,
וואָס מיט אים איז געשען,
און דיך פּייניקט נאָך אַלץ
זיין פאַריתומטער צער,
דו נאַר.

## וואָגלער

דער זומער פאַרגאַנגען
אין האַרבסטיקן רעגן,
און איר גייט נאָך אַלץ
אַרום אויף די וועגן.

דער ווינטער שוין דאָ,
דער האַרבסט איז פאַרטריבן,
און איר זייט נאָך אַלץ
אין דרויסן געבליבן.

פאַרוויִיט שטעג און וועג,
אין שניי און קעלט
איר וואָגלט נאָך אַלץ
אַרום אויף דער וועלט.

די זון האָט שוין ווידער
די קעלט איינגענומען,
און איר זייט נאָך אַלץ
אַהיים ניט געקומען.

## געשלאָגענע

מאַמע,
זע, ווי דער זאַטער טראָגט
זיין קאָפּ פאַרריסן.
ווי דער הונגעריקער ווערגט זיך
פאַרשעמט מיט זיין ביסן,
וואָס פאַר אַ תּירוץ
זאָל איך, מאַמע, דיר געבן,
וואָס איך טראָג אַזוי שווער
מיין אָרעם לעבן?

באַלד וועט די נאַכט
ווידער קומען.
איטליכער האָט שוין
זיין אָרט פאַרנומען.
נאָר איך מיט מיין עלנט
בין אויסגעשטעלט.
וואָס פאַר אַ תּירוץ
זאָל איך זאָגן דער וועלט,
מאַמע?

## אַ פֿאָלקס־מאָטיוו

גערוואָלט צו אַ פֿריינט
אַ בריוועלע שרייבן,
אין דער פֿרעמד אַליין
באַשערט אים צו בלייבן,
האָב איך געגעבן
די קינדערלעך עסן,
און האָב אָן דעם פֿריינט
זיך פֿאַרגעסן.

געוואָלט פֿאַר אַ קישעלע
פֿעדערלעך פֿליקן,
דאָס ווייסינקע קישעלע
אַ יתומל שיקן,
האָב איך גענומען
העמדעלעך פּרעסן,
דאָס יתומל
האָב איך פֿאַרגעסן.

איך האָב געוואָלט
צו מײַן שוועסטער גיין,
כ'האָב געוואוסט, אַז זי זיצט
מיט איר טרויער אַליין.

האָב איך געלייגט
די קינדערלעך שלאָפֿן,
מיין שוועסטער
שוין מער ניט געטראָפֿן.

כ'האָב געוואָלט
אויף קבר אבות גיין,
פֿאַרגעסענע קברים
שטייען אַליין.
האָב איך גענומען
דאָס שטיבעלע ראַמען,
פֿאַרגעסן
אַן טאַטן און מאַמען.

## איין וואָרט

איין וואָרט נאָר ביי דער מאַמען פרעגן
וואָלט איך זיך לאָזן איבער אַלע וועגן.
מיט יעדער באַן און פערד און וואָגן,
מיט ווינטן זיך געלאָזן טראָגן.

נאָר איין קוק טאָן אויף דער מאַמען
וואָלט איך איבער אַלע ימען
אין דער לענג און ברייט געשוואומען,
ביז איך וואָלט צו איר געקומען.

איך וואָלט איר שטיל אַרומגענומען,
ווען איך וואָלט צו איר געקומען.
אפשר גאָר קיין וואָרט ניט ריידן,
ניט פון ליידן, ניט פון פריידן.

# איך וועל לײַדן

איך וועל לײַדן פֿון דײַן טאַטן,
איך וועל לײַדן פֿון דײַן מאַמען,
איך וועל לײַדן פֿון דיר,
נאָר מיט דיר צוזאַמען.

איך וועל לײַדן פֿון דײַנע פֿרײַנט,
זיך ניט קלאָגן פֿאַר קײנעם,
איך וועל לײַדן פֿון דיר,
נאָר מיט דיר אין אײנעם.

איך וועל לײַדן פֿון לעבן,
זיך ניט טײלן מיט קײנעם,
איך וועל לײַדן פֿון דיר,
נאָר מיט דיר אין אײנעם.

## אַ פֿאָלקסמאָטיוו

וואָס ווּעסטו טאָן, אַז איך ווּעל דיך לאָזן אליין?
אַז מיליאָנען מענטשן ווּעלן זיין אַרום מיר,
ווּעלן מיינע אויגן זוכן נאָר דיר,
אַז דו ווּעסט מיך לאָזן אַליין.

וואָס ווּעסטו עסן, אַז איך ווּעל דיך לאָזן אַליין?
די בעסטע מאכלים, אויב איר ווּעל עסן,
ווּעל איך שלינגען מיט טרערן,
אָן דיר ניט פֿאַרגעסן,
אַז דו ווּעסט מיך לאָזן אַליין.

וואָס ווּעסטו טרינקען, אַז כ׳ווּעל דיך לאָזן אַליין?
אַזוי ווי דער שיכּור טרינקט זיין וויין,
אַזוי ווּעל איך טרינקען מיין אייגענעם פּיין,
אַז דו ווּעסט מיך לאָזן אַליין.

וואו ווּעסטו זיין, אַז איך ווּעל דיך לאָזן אַליין?
די טייערסטע זאַלן, אויב מיר איז באַשערט,
ווּעל איך דיך זוכן איבער גאָר דער ערד,
אַז דו ווּעסט מיך לאָזן אַליין.

וואו ווּעסטו שלאָפֿן, אַז איך ווּעל דיך לאָזן אַליין?
אַ בעט מיט פּוך און זייד געבעט
ווּעט זיין פֿאַר מיר אַ האַרטע ברעט,
אַז דו ווּעסט מיך לאָזן אַליין.

# פון-אַלע-מאָלן

I

פון נעכטן, פון היינט,
פון אַלע טאָג אָן
שטעלט יעדע פרוי
איר לעבן אין קאָן.

ווי אין קאָרטן שטעלט זי
איר לעבן איין
מיט דעם, וואָס דאַרף
איר שפּייזער זיין.

אָן אים און
זיינע גוטע הענט
איר לייד, איר פרייד,
איר לעבן געווענדט.

## II

ביי איינער גייט דער מאַן אין שענק,
זיין לעבן דאָרט פאַרטרינקען,
זי געלאָזט מיט הויז און קינד
אין עלנט איינגעזונקען.

איינערם האָט אין קאָרטן־שפּיל
דאָס לעבן איינגעשטעלט,
שפּילט בייטאָג, שפּילט ביינאַכט,
פאַרשפּילט אַזוי איר וועלט.

איינערם מאַן איז טאָג ווי נאַכט
מיט תורה אָפּגעגעבן,
ביינקט זי נאָך אַ מענטשליך וואָרט
יעדן טאָג פון לעבן.

## III

איינע האָט אַ גוטן מאַן,
וואָס וויל איר אַלץ פֿאַרשפּאָרן,
שלעפּט זיין שווערן יאָך אין שפּאַן
אַלע זיינע יאָרן.

דערוואָרבן ברויט, דערוואָרבן גוטס
ביזן ווייטסטן דור,
ער איז טריי און שלעפּט נאָך אַלץ
די מאַסע, יאָר נאָך יאָר.

בעט זי זיך: מיין גוטער מאַן,
גענוג זיך אָפּגעגעבן
דעם שווערן יאָך אין שפּאַן,
שוין באַלד אַוועק דאָס לעבן.

נאָר ער איז איר נאָך אַלץ געטריי
און הערט ניט אירע רייד,
שלעפּט טאָג נאָך טאָג
און יאָר נאָך יאָר
די משא שטילערהייט.

## באַשערט

אַזוי לאַנג,
ווי עס שטייט די ערד,
איז זיין מאָס טרערן
יעדערן באַשערט.

איינער וויינט:
די פּערל זיינען שיטער,
אַ צווייטער וויינט:
די גרויפּן זיינען ביטער.
אַזוי לאַנג,
ווי עס שטייט די ערד,
איז זיין מאָס טרערן
יעדערן באַשערט.

## געבעטן

I

אַז איך בין גאָר קליין געווען,
איז מיין מאַמע קראַנק געווען.
האָב איך אַמאָל, אין אַ נאַכט,
זיך באַהאַלטן, אַז קיינער זאָל ניט זען
און ניט הערן מיין געוויין.

גערעדט צו דיר,
געוויינט צו דיר,
געבעטן צו דיר,
איך ווייס ניט ווי לאַנג,
איך האָב יענע נאַכט
אין געבעט פאַרבראַכט,

נאָר צומאָרגנס
איז מיין מאַמע בעסער געווען,
דאַן האָב איך קלאָר געזען,
אַז דו
האָסט מיין געבעט פאַרנומען.

## II

שיקסטו גאָט
אויפֿסניי אַראָפּ
פֿון מײַנעטוועגן
פֿרישן צער און פּײַן,
זאָלן דײַנע שלוחים, גאָט,
מײַנע נאָנטע
פֿרײַנט ניט זײַן.

## III

זײַ זײַ מוחל,
וואָס מײַן יעדע נאַרישקייט,
האָבן זיי קוים דערלעבט
און אויף פּעדעם עס צעשלעפּט,
ווי מיט צירונג
זיך מיט דעם געצירט,
עס אומעטום צעטראָגן,
און אומעטום צעפּירט,
זײַ זײַ מוחל.

## VI

הייבט אָן צו פֿאַלן,
גאָט באַהיט,
באַרג אַראָפּ דאָס לעבן,
קען אַ שטרויעלע אַמאָל
מער שוץ
פֿון דעמב דיר געבן.

איז, חלילה, מיר באַשערט
פֿאַר אַן אָפּגרונט
הייגנען בלייבן,
זאָלן דיינע ווינטן, גאָט,
דאָס שטרויעלע
צו מיר דערטרייבן.

## V

איך דאַנק דיר, גאָט,
פֿאַרן גלויבן,
וואָס אין מיר איז דאָ,
וואָס איך וואַרט
צו דער באַשטימטער שעה.

וואָס מיין האָפֿנונג
האָט עס ניט באַנומען,
אַז קיינמאָל
וועט ער צו מיר ניט קומען.

וואָס טריפֿט נאָכאַנאַנד
אין מיין האַרצן אַריין
טראָפּן נאָך טראָפּן
פֿרישער פּיין.

וואָס איך ווייס,
אַז ווען איך וועל בלייבן אַליין,
וועט קומען צו מיר
די עלנט צוגיין.

# אינהאַלט



## ווי איך שטיי און גיי



## די אידענע

## מיינע קינדער



## מלחמה לידער



## פאָלקסמאַטיוון